ראשעל וועפּריִנסקי

# צום
# אוונציקן
# שטערן

פאַרלאַג
י. ל. פּרץ
ישׂראל

# איך וואַרט

איך וואַרט —
דורך אַלע טריפנדיקע רגעס
פונעם טאָג,
דורך אַלע
פאַרפּלאָנטערטע חלומות
פון דער נאַכט
וואַרט איך
אויפן וואָרט,
וואָס דאַרף צושווימען
צו דעם ברעג פון מיין ליפּ
פון ערגעץ ווייט —
פון יענער זייט וועלט —
פון אין־סוף —
און אויפריגלען די שטומקייטן מיינע
און מיך באַפרייען
פון אַנגסט,
פון טויט — — —

# אָנהויב טאַג

נאַכט-לאַמטערנס שטאַרן ווי די בעלמעס גרין
אין רויכיקן באַגין.
פון הינטער הייסן מזרח-גאַרטל
גייט אַרויס די זון
און טראָגט אויף יונגע, שטראַלנדיקע הענט
פאַר מיר,
פאַר אַלע מענטשן פון דער שטאָט, —
פון אומעטום —
אַ נייעם און נאָך ניט געלעבטן טאָג.

צי וועט די זון כשורהדיק אַדורכגיין דורך
איר הימל-וועג ?
צי וועלן שוואַרצער רויך און קויט
פאַרפינצטערן איר פנים ?
מיין האַרץ איז תפילהדיק ביים אויפגיין
פון דער זון
און וואַרט אויף עפּעס-וואָס אַזוינס
פון נייעם טאָג,
וואָס הייבט ערשט אָן — — —

# שניי־פליטערלעך

ערשטע שניי־פליטערלעך פאַלן צו צו מיין שויב
ווי דאָ וואָלט געווען זייער אָרט דער באַשערטער,
ווילט זיך מיר זוכן און געפינען ווערטער
צו באַהאַלטן זיי אין מיין ליד...

וואָס־זשע וועט ווערן פון די אויסגעזוכטע,
אין מי שוין געפונענע ווערטער ? — — —
וועלן זיי שפעטער צעגיין אָט פונקט אַזוי
ווי אויף מיין שויב די פליטערלעך שניי ?

און אפשר וועלן זיך ראַטעווען אין מיין ליד
עטלעכע ליכטיקע, געפונענע ווערטער
און וועלן ניט צעגיין ווי די פליטערלעך שניי אויף מיין שויב ?
אפשר איז מיין ליד זייער אָרט דער באַשערטער ?...

# פּאָעזיע

דאָ איז די פּאָעזיע:
די גרויסע שטאָט פאַרנאַכט —
פּילשטאָקיק הייבן אָן בלענדן
שויבן — —
אַ זייטיק־שטילע גאַס
מיושבדיק פאַרקלערט —
אַ בוים שרויפּט זיך אַרויף
שלאַנק און דין,
לייגט אויף גרוי פון הימל
זיין פרילינג־גרין.
די קליינע בלעטעלעך
וואָס באַוועגן זיך קוים
זענען פון דעם בוים
די שטילע רייד
צום אָוונט וואָס קומט אָן
נית געזעענערהייט
און מאַכט צו
דאָס בוך...

# צום איינציקן שטערן

אַן איינציקער שטערן
אין שפּעט־נאַכטישער שעה
באָדט זיך נאַקעט אין הימל־ים
און ווינקט סודות צו מיין איינזאַמקייט,
וואָס וויל אים הערן — — —
אָ, איינציקער,
נאַקעטער שטערן,
קיינער וועט ניט הערן
ווי מיר שעפּטשען זיך סודות
אין דער נאַכט
ווי פאַרליבטע. — — —

# די לבנה

די לבנה, די האַלבע —
אַ ראָזעווע נעגערשע ליפּ,
וואָס שמייכלט צו איר
אונטערשטער העלפט
פאַרהוילן אין טונקעלן
נאַכטישן פּנים.

איין שטערן — אַ שומר אַפּנים,
שטייט אויף דער וואַך
און היט
די נאַכטישע בת־מלכּה
וואָס שמייכלט געהיימניספול.

# מיין פריינד איז איינגעשלאָפן

מיין פריינד איז איינגעשלאָפן.
ער וועט מער קיין מאָל ניט אויפוואַכן.
קיין וואָרט וועט ניט גרייכן מער
פון אים צו מיר.
ווי וועל איך אויסשווייגן יאָרן
פון איינזאַמקייט,
יעדע נאַכט אין שטומעניש
פאַרריגלען מיין טיר — —

אָ, שטומער הימל, שטומע ערד —
ווי הויך, ווי טיף,
און שטום זייט איר, —
לערנט מיך,
ניט צו בעטלען אַ וואָרט
ביי אַ פרעמדן פאַרבייגייער,
צו זיין הויך, צו זיין טיף —
צו זיין שטום
ווי איר — — — —

# אַ חלום

אַ חלום האָט באַשווערט מיין האַרץ:
כ׳האָב דיך געזען זיצן אויף אַ הויכן גאַנעק
מיט אַ תהילימל אין האַנט — —
די האָר, יונג-צעפלאָשעט, ראָבן-שוואַרץ.

דיין אויסזען — שטאַרק נאָענט, שטאַרק אייגן.
נאָר ס׳איז אַרום דיר אַ וואַסער-כוואַליעניש געווען
און איך האָב אַרומגעקרייזט אַרום דיר אין די כוואַליעס —
אין טיפן וואַסער איז אַראָפּגעזונקען אונדזער שווייגן.

# דו וועסט צוריקקומען

דו וועסט צוריקקומען מיט די פיר סעזאָנען פון יאָר.
כ׳וועל אָטעמען דיין דופט
אין פרילינג, אין זומער, אין האַרבסט און ווינטער
וועל איך איינאָטעמען דיך מיט דער לופט.

און ווען כ׳וועל מער ניט זיין, וועלן מירביידע זיין איינער:
לופט אין לופט, דופט אין דופט — — אָט אַזוי
וועלן מיר אַלע מאָל צוריקקומען מיט די פיר סעזאָנען
און אַוועקגיין וועלן מיר אויך מיט זיי — — —

# ס'איז נאַכט

ס'איז נאַכט און איך בין אַן חלומות
אין גאַנצן אַליין.
ניט ווי דאָס לעצטע בלאַט
אויפן הוילן בוים,
וואָס קען אין חלום זען,
אַז פרילינג, וועט ווידער געשען.
מיין אויג איז בלינד
און די טרער טריפט
אויפן פאַרמעט פון מיין באַק
ווי אַ שריפט
און שרייבט:
דו און ער
וועלן מער
ניט
געשען.

# ווינטער־נאַכט

די שנייאיקע ים־כוואַליעס קייקלען זיך
און זיי דונערן אַריין אין דער ווינטער־נאַכט.
איך גליטש מיך אויף אייז־טייכלעך
און דו פירסט מיך ביים אָרעם
טיף אַריין אין דער ווינטער־נאַכט — — —
דער ים איז דער אייגענער ים פון אַמאָל און די כוואַליעס —
זיי דונערן הויך און זיי וועקן מיך
און זיי ווייסן ניט,
אַז איך גליטש מיך ניט מער אויף אייז־טייכלעך
טיף אַריין אין דער ווינטער־נאַכט,
אַז ס'איז ניטאָ מער דער דינער אָרעם;
וואָס האָט מיך פעסט געהאַלטן
בעת כ'האָב מיך געגליטשט טיף
אין דער ווינטער־נאַכט — — —
די שנייאיקע ים־כוואַליעס ווייסן דאָס ניט.
זיי דונערן אין דער ליידיקייט
און זיי רופן מיך — — —

## זי...

זי האָט פאַרבלאָנדזשעט אינעם וואַלד
אויף מיין פּראָסטיקער שויב.
זי איז דאָרט געוואָרן אַ בוים פון אייז — — —
אין פרילינג וועט זי מער ניט זיין פּראָסטיק-ווייס.
די זון וועט נעמען אויפדעקן אירע קילע צווייגן ;
וועט זי אַנטלויפן מיט די וואסערן
אין טיפן, פינצטערן חלום — — —
זי וועט באַשטענדיק לויפן,
ווייל דאָס איז איר גורל,
זי האָט מיט אים געשלאָסן שלום.

## דעמבע־בוים

דעמבע־בוים ביי מיין הויז,
כ׳זע ווי דו בייגסט שוין ווידער דיין צווייג
אַראָפּ צום הונגעריקן מויל פון האַרבסט,
וואָס זויגט דיין בלאַט
ביז דו ווערסט הויל און האַרבסט ווערט זאַט.

דעמבע־בוים, וויפל יאָר אַז דו שטייסט ביי מיין הויז — —
צי קענסטו זיך העלפן און דאָ ניט שטיין?
צי קענסטו פאַרנעמען דיינע וואָרצלען
און ערגעץ אַנדערשוווּ גיין — —
אפשר אין לאַנד פון אייביקן זומער? — —

אמתדיק ווייסטו אַז ניין.
דיין גורל איז דאָ צו שטיין
ביי מיין הויז,
דעמבע־בוים.

# אלול־בלאָ

אלול־בלאָ
איז דאָס סאָבורב־שטעטעלע
אַרום ניו־יאָרק.
פֿון הימל ערגעץ
פֿאַלט דאָס בלעטערוואַרג.
יינגעלעך אין יאַרמולקעלעך,
טליתימלעך,
באַצירן דאָס גראָז
אַרום דער סינאַגאָג,
ס׳גייט אין גאָלד
דער יום־טוב־טאָג,
די קראָמען זענען צו.
ס׳שלייכט ווו־ניט־ווו
אַן אויטאָ שולדיקלעך פֿאַרביי.
יונגע יידן מיט טריט סאַמעט־שטיל
גייען אין שול.
ס׳איז ימים־נוראימדיק
פֿאַרכטיק
איין מאָל אין יאָר
דאָס סאָבורב־שטעטעלע
אַרום ניו־יאָרק.

# כנרת

אָ באַשעפער,
כ׳בין געקומען פון אַלע
פינצטערע גלותן
אַהער אין ליכטיקן טאָל
דאָ קושן די שטילע כוואַליע
פון כנרת.
און זינגען דאָס שטיל געזאַנג
וואָס האָסט פאַרזייט אין מיין געמיט
און וואָס כ׳האָב ניט געקאָנט
זינגען
ביי פרעמדע טייכן...

# גליל

דאָ הי, אין אַרומיקן געבערג,
זיצט די אמתע שטילקייט.
די לויטערע שטילקייט.
און זי איז ניט איינזאַם :
זי שפּרייט זיך פונאַנדער אין דער ווייט,
אין דער הייך, אין דער ברייט
און פאַרבינדט זיך מיט שטילקייט.
און זי,
האָט דאָ געבוירן
די געטער.

# ט ב ר י ה

טבריה, די שטילקייט פון דיינע טאָלן
האַלט אַן אויער איינגעהאָרכט
אין דיינע הייליקע אַמאָלן — —
אויך אין די קנאַלן, וואָס פאַלן
פון די בערג-הייכן דאָ אַרום — — —
די היינטצייטיקע רשעים, — — — — — — — —
זיי האָבן אויפגעוועקט פון אוראַלטן שלאָף
די חכמים אונדזערע און די תנאים,
וואָס ליגן אויפן ווייסן בית-עלמינדל
דאָ אין מיטן שטאָט פון קדמונים אָן — — —
איצטער טריפן זייערע תפילות און זייערע טרערן
און ס׳ווערט איבערפול דאָס האַרץ
פון דעם כנרת — — — —

## ישראל־לאַנדשאַפט

פון ווייטן בראשית ביסקל היינט
וואַנדערן דאָ בעדואינער און פעלאַכן.
רינדער הייבן אויף דעם שטויב
איבער גראָע מדבר־פלאַכן.
אויסגעשטרעקט די העלדזער צו דער זון,
ווי פאַרכישופט ציען קעמלען.
און אויף טונקעלע פרויען־אַקסל
זע איך: שרה — רבקה — רחל — לאהס
וואַסער־קרוגן דרעמלען — — —

# התיכון

צען מאָל יינגער יעדן טאָג
ווערט איר פּנים:
יאָ, דאָס איז די אַלטע ערד
פון מיינע אָבות.
מוסקלען זינגען אומעטום
בעתן קנעטן זי
צום ווידעראויפגיין אין געביי.
און ווי סע הייבט אַ ברעם אויף
— דער באַגין
זע איך אַ נייע שטאָט.
און ווי אַ שאָסיי
לויפט זיי פאַרביי דער התיכון;
ס'חלומט זיך אין אים אַריין
דער דאָרפישער ירקון;
ס'שפיגלען זיך,
הר־הכרמל, חיפה, תל־אביב!
הימל־קראַצערס ווילן זען זיך
אין זיין שפיגל...
כוואַליעס לויפן אין געיעג
איבער ברייטן וואַסער־וועג,
און אַ ייד
קומט פון וויטן גלות אָן
זיין חלום אָנשפּיגלען
אין התיכון — — —

# אָפענער ים־שפּיגל

אָפענער ים־שפּיגל —
גאַסן, סקווערן, טראָטואַרן —
אַלנבי, מוגראַבי, בן־יהודה
נעמען זיך אַרום אין מיטן שטאָט
און גייען אַ פריילעכס...
פריילעכער געקלאַפּ — טריט מיט טריט —
מוזיק און איבערגאַנג פון אַלט צו יונג,
פליגל־שווּנג הייבט העכער
דאָס געהויבענע געמיט.

וואָס טויג מיר פון אַ מענטשנס וואָרט זיך נאַרן,
ווען כ׳זע דאָס ווערק פון גאַנצן פאָלק,
און הער דעם דופק פון די קומענדיקע טריט!
איצט פירט מיין האַנט די אותיות,
וואָס שטעלן זיך אַליין אַריין אין ליד —
טאָ ווען איז מיר געווען מערער גוט?

# אין לאַנד פון מיינע אָבות

פיצלעך פייגעלעך טאַנצן
אויף צווייגן פון ביימער,
וואָס זענען שטענדיק גרין,
און זיי ריידן אין זייער פייגל־לשון,
וואָס אַלע פייגעלעך קענען פאַרשטיין,
אַפילו די, וואָס זענען ניט פון הי...
נאָר איך, גיי אום שטום,
אין לאַנד פון מיינע אָבות;
פרעג זיך אויף אַ גאַס
מיט צייכנס פון שטומע,
און פאַרבלאָנדזשע
אין שאָטן פון אַ בוים,
מיט צווייגן, וואָס זענען שטענדיק גרין;
און ווי אַ טרייסט
דערהער איך דאָס פייגל־צוויטשער,
וואָס איז איידל און דין,
און אַזוי אייגן
פאַרן האַרץ...

# מיין גאָט

קלעטער איך אין די געבערג פון צפת —
דאָ ערגעץ, מיין איך, וווינט גאָט . . .
איך רוף אים מיט מיין יידיש וואָרט
און ער ענטפערט אין יידיש — פאַרוואָס דען ניט ?
מיט זיינע יידן אין געטאָ דאָרט,
האָט ער געהייליקט דאָס יידישע וואָרט...
אין בונקערס געזונגען דאָס יידישע לאָר ;
זיין לעבן איז דעמאָלט געהאָנגען אויף אַ האָר...
נאָר ר'איז אַרוים מיט די רעשטלעך פון קאַ־צעט —
ס'וועט זיין אַ פאָלק — מוז זיין אַ גאָט...

קלעטער איך אויף די געבערג פון צפת —
דאָ ערגעץ, מיין איך, וווינט גאָט . . .
איך רוף אים מיט מיין יידיש וואָרט
און ער ענטפערט — אין יידיש —
פאַרוואָס דען ניט ?

## צ פ ת

צפת — אַ ניט דערחלומטער חלום, —
ביסטו געבליבן הענגען
איבער ביינערדיק געבערג;
אָפּגרונט-שפּאַלטן;
שטאַרע בית-עלמינס,
באַרג-אַרויפיקע געסלעך,
הויקער-דעכער,
איבער פענצטער —
טיפע אויגן-לעכער.

די בעל-חלומות ליגן
אונטער קילע מצבות
און ס'טליעט זייער חלום:
אויף אַן אייזעלע צורייטן
וועט קומען דער דערלייזער —
אליהו הנביא וועט בלאָזן שופר.
טויטע וועלן אויפשטיין פון די קברים;
קריגער וועלן צעבייגן די שווערדן;
די יצירה וועט לויכטן אויף יעדער פּנים, —
שונאים וועלן זיך האַלדזן און זיך געבן שלום...

# מיר וועלן

צום צווייטן יאָרצייט פון ריקודה פּאָטאַש

מיר וועלן ווידער גיין שפּאַצירן
אין דיין ירושלים.
דו — אַ תנכיש געמעל:
יונג און פּאַרצייטיש שיין
וועסטו גיין
אויף קנאַפּעלעך הויך און דין.
איך — ניו־יאָרקיש, מאָדיש,
אין רויטן, שטרויענעם הוט — —
מירביידע
וועלן פֿאַרן דרויסן באַהאַלטן
אונדזער בשותּפֿותדיקן טרויער,
וואָס מיר האָבן געזאַמלט דורך יאָרן. — —

מיר וועלן באַהאַלטן דעם טרויער
טיף אונטער אונדזערע אויגנאַפּלען
און שמייכלען צום פֿרימאָרגן,
וואָס קומט ווי אַ בלאָנד ייִנגל
אונדז אַנטקעגן...
ניין,
איצט וועל איך גיין
איין־אַליין
איבער די גאַסן פֿון דיין ירושלים;
ס׳וועט דיך זוכן מיין פֿאַראיינזאַמטער טרויער;
כ׳וועל אים ניט קענען מער באַהאַלטן
אונטער מיינע אויגנאַפּלען — — —

# ריקודה

ביסט מער ניטאָ,
און איך זוך דיך אין די גאַסן
ווו מיר זענען געגאַנגען.

כ׳בין צוגעקומען צו דיין ווייסער שטוב
מיטן באַלקאָן אויף רח׳ רמבן —
ווי מאָדנע — ניט דיין שאָטן
דרייט זיך דאָרט אַרום...
ביסט מער ניטאָ
ביי דיין אַרבעט אין מוזיי — —
ליגסט גאָר אין אַ קברים־ריי
באַהאַלטן צווישן פעלזיקן יהודה־געבערג — — —
דיר צוקאָפּנס
הייבט אַ קליינער, ראָזער שטיין
אַרויף נאָר דיין ערשטן נאָמען : „ריקודה"
איינגעקריצט פון דער ליבשאַפט אַליין.
קבר־בלומען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ
רינגלען דיך אַרום
און וויינען
אין איינעם מיט דיינע שיינע לידער,
די אויסטערלישע, ניט פאַרענדיקטע — — — —

# צום כותל מערבי

פֿאַרלאָז דיין אָפּגעשלאָסן קבר
אין באַרג פֿון יהודה,
זינגערין פֿון ירושלים,
גרינגפֿוסיקע ריקודה!
לאָמיר זינגען און טאַנצן גיין
צום כותל מערבי
מיט אַלע זינגערינס פֿון
פֿאָלק ישׂראל!
אונדז אין פֿאָרויס,
מיט פּויק אין האַנט,
מרים הנביאה!
ס׳האַרץ איז דערהויבן
פֿון נס און נצחון,
און געעפֿנט האָט גאָט אַלע
פֿאַרריגלטע קוואַלן,
זיסע טרערן פֿאַלן
אין קאַרבן פֿון אַלטע, הייליקע שטיינער — —
זאָל קיינער ניט אויסבלייבן, —
קיינער!!

לאָמיר אַרומרינגלען

די וואַנט

מיט טאַנץ און מיט שירה!

האַרץ: סע זינגט פון נצחון ישראל!

סע זינגען מיט

אונדזערע העלדן-קינדער

און די קדושים

פון אַלע פריערס

זינגען

פון די

זיבן הימלען...

# מיינע פינף שיפן

מיינע פינף שיפן שווימען צו מיין האפן.
ס׳טונקלען זיידענע זעגלען פון פיראטן:
יידישע מאטראסן — פלינקע סאָלדאטן...
א גנבה! א גנבה! זיי האָבן געגנבעט
זייערע אייגענע שיפן — יידיש בלוט
זאָל מער ניט טריפן — ס׳זאָל זיין שלום! שלום!
זיי האָבן באצאָלט מזומן פאר דעם שיינעם חלום.
קינד-און-קייט און די כוואַליעס
פון ים מוזן עס דאָך וויסן;
אניט, צי וואָלטן זיי אזוי אין פנים געשמיסן;
געשפרונגען, געהויבן זיך ווי טורעמס, —
הויכע סקאַלעס — צעשוימטע שטורעמס...
מיט אַט-דעם-אַ שטורעמען און שטיפן
האָבן זיי באשערעמט די „געגנבעטע" שיפן...
ניט נאָר די כוואַליעס — די וואָלקנס פון הימל
האָבן זיך פארוואנדלט אין געדיכטע וואָלן — די שטערן
האָבן פארמאכט אַן אויג — געכאפט א דרימל...
מיט טייכן טרערן האָט געפליוכעט דער הימל — —
באַלד איז שטיל געוואָרן דאָס שטיפן — —
א טשערעדע מלאָכים האָט באַגלייט די שיפן...

## יידישע ווערטער

כ׳נעם אַ שפּרענקעלע פון אייך אַראָפּ,
ווערטער ליבע פון מיין לשון יידיש.
פריש פון פאָלקס-מויל אויף מיין גומען
איז אייער קומען מלא פרייד און חידוש.

נאָר אָפטמאָל רעדט אין מיר די אַנגסט:
וואָס וועט זיין מיט אייך, ווערטער טייערע,
ווען מיר, די ווינציקע משפחה אייערע,
וועלן מער ניט זיין — — —
ווער וועט זיך איבער אייך מרחם זיין?

וועט אַ מלאך פון גאָט צו אייך רופן פון הימל
אַזוי צו זאָגן:
איר זאָלט ניט מורא האָבן, יידישע ווערטער,
וואָרן דער וואָס לעבט אייביק
האָט זיך צוגעהערט צו דעם קול פון אייער געוויין,
ער וועט אויפקוואַלן פאַר אייך אַ קוואַל אין דער מדבר.
נס איז אַלעמאָל געשען...

נס, ווי אַנדערש ? — —
דער בורא־עולם קאָן ניט פֿאַרגעסן
זיינע יידישע ווערטער,
וואָס זענען אים געבוירן אין וואָגל,
צווישן פרעמדע אומות !
אַדורכגעטראָגן דורכן גלות־גרויל
זיין ליבן נאָמען,
געזעטיקט אים מיט זיסן ראַזעווו־ברויט.
פון טייטש־חומש — —
ווי זשע קאָן ער איצטער,
אין זיין דעראָבערטן הימל
ניט געדענקען ס׳קול
פון זיינע לעבעדיקע און פאַרטיליקטע
יידישע ווערטער ? — —

דעם בורא־עולמס פנים לויטערט זיך פאַרקלערט — — — —
די זיבן הימלען רינגלען אים אַרום
פאַרקלערטע — — — —

## טעג

יעדער טאָג
פון מיינע טעג
איז אַ זעגענונג,
אַן אומאַרמונג
אַ צעשיידונג...

זיי גייען פון מיר
מיינע טעג, —
זיי גייען אַוועק
ווי קינדער
אויסגעוואַקסענע
און לאָזן מיך איבער
אַ קליינינקע
אין דער גרויסער
אַליינקייט —

# שוואַרץ און ווייס

שוואַרצע טויבן, ווייסע טויבן און געפלעקטע,
אין חבריות פליען אונטער פרייען הימל,
טרעטן שטיל און פרידלעך אויף גאָט'ס ערד
יעדער פיקט אַ ברעקל לויט אים איז באַשערט.

שוואַרצע מענטשן, ווייסע מענטשן, ברוינע, —
גייען זיך פאַנאַנדער פינצטערע, באַזונדער,
פאַרריגלען זיך הינטער טירן, הינטער טאָפל-שלעסער,
ס'שטייגט צווישן זיי די אַנגסט, ס'סמט דער האַס
און ס'בליצט דאָס מעסער — — — —

# נישט שעם זיך

נישט שעם זיך מיין קינד פאַר דעם נעגער־יונג,
וואָס לאַכט דיר אין פּנים מיט די ווייסע ציין,
וואָס איז ? „דיין זיידע איז צעקראָכן ווי אַ דזשעלי־פיש*
אונטער דער בייטש פון דעם דייטש...״

נעבעך... ער ווייסט נישט, דער נעגער־יונג מיט די
ווייסע ציין,
אַז געדרייט האָט די קנעכטשאַפט־ראָד שמשון אַליין
ביי דעם שונא־ישראל — דעם פּלשתי...
די אויגן — טויט. צעבייטשט די הענט,
האָט דער שונא געקוואָלן ווי ער ווערט פאַרלענדט...

און דו האָסט מיטן בלוט פון דיין בלוט
צוריק גענומען און דו בויסט דיין לאַנד —
(איז דאָך דאָס אוודאי נישט קיין שאַנד)
בלוט איז ירושה און דו האָסט געירשנט
אויך דיין גאָט פון רחמים און כוח
די קבלה־פּעדים פאַרשפּינט אין דיין מוח — — —

* אַ קרעבס.

# פון אָנהייב

פון אָנהייב איז געווען דאָס וואָרט.
געבוירן איז עס אין מויל פון בן־אָדם.
האָט שוין דער ערשטער מענטש
זיך אַרומגעטראָגן מיטן וואָרט אין זיין מויל,
און מיטן מאַרך פון זיין מאַרך
האָט ער עס געהאָדעוועט
און מיטן בלוט פון זיין האַרץ.

און דער ערשטער מענטש, דער בן־אָדם,
איז שוין געווען אַ פּאָעט.
און אַלע אַנדערע באַשעפעניש,
וואָס קענען פליען, פויזען און טרילערן —
האָבן ניט דאָס וואָרט...
אויך ניט דאָס געוויין
און ניט דאָס אַנען
פון פאַרגיין — —

## שולד-באַלאַדע

אין אוישוויץ, אין מאַידאַנעק בין איך ניט געווען
כ׳האָב ניט פאַרזוכט די „קעסט" פון טרעבלינקע.
ווען דער יאָרהונדערט איז נאָך יונג געווען
האָט מיין מאַמע געברענגט אירע פינף יתומים
צום „גאָלדענעם" ברעג פון אַמעריקע.

אַ בתולה קנאַפּע דרייצן יאָר, אַ דין ריטל,
מיט נאָך ניט צעעפנטע קנאָספּן,
האָב איך אין סוועטשאַפּ פונאַנדערגעבליט
ווי דער אַקאַציע-בוים אין אונדזער היימישן גאָרטן.

כ׳האָב געבליט און געבענקט נאָך אַ גרינער שטאָט;
נאָך אַ רויטער קאַנקע, וואָס שרויפט זיך אַלץ העכער
אַרויף ביז צום שפּיץ פון וולאַדימיר-באַרג
ווו מען זעט דאָס צעכראַסטעטע האַרץ פון דעם דניעפּער.

כ׳האָב געבענקט נאָך דעם שמייכל פון מיין עלטערן ברודער,
נאָך מומעס, פעטערס פאַרבליבענע דאָרט,
נאָך אַ ייִנגל אַ שלאַנקס, פון פערצן יאָר,
וואָס האָט באַרעלעך געברענגט מיר פון הייליקן אָרט, — —

אויף יענער בענקעניש וואַקסט שוין אַ בערגל ערד — —
מיין משפחה — יאָרן אַז זיי שרייבן ניט אַ וואָרט.
און דאָס שלאַנקע יינגל פון פערצן יאָר — —
ליגט ער ערגעץ פאַרשאָטן אויף אַ ניט הייליק אָרט ? — —

זאָל איך פאָרן אויף קבר־אָבות אין מיין געבוירן־לאַנד ?
זאָל איך זוכן מיינע נאָענטע אָן אַ שפור,
וואָס שרייבן ניט און גריסן ניט שוין אַזויפיל יאָר ? — —
אַזוי שווייגן קאָן מען נאָר אונטער באַבי־יאַר...

אין אוישוויץ, אין מאַידאַנעק בין איך ניט געווען,
און אַוודאי ווייס איך ניט דעם טעם פון טרעבלינקע.
נאָר איך טראָג אַ שולד־לאַסט אפשר דערפאַר,
וואָס כ׳ליג אויך ניט פאַרשאָטן אונטער באַבי־יאַר...

# מיין יחוס־בריוו

מיין יחוס-בריוו, מיין שטאַם,
דיין זאָמען טראָגן ווינטן פונעם ים.
די זאַמדן וואַרפן זיי אונטער
ביי פרעמדע ברעגן — לענדער —
שטעט כלערלייִקע
און געדיכטער ווי אין אַלע געטאָס
פון דיין גלות
ביסטו אויפגעגאַנגען
אין דעם כרך ניו-יאָרק.

דאַנקען גאָט,
כ׳האָב שוין דאָ אַ דריטן דור.
טייל שטעקן נאָך אין בראָנזוויל.
טייל האָבן זיך איינגעגלידערט
אין דער יידישער איסט-סייד
און זיך ניט גערירט פון אָרט.
די נגידים אונדזערע,
פאַרנעמען די סאָבוירביע ;
אונדזער שאָנקייט —

די מים אַמעריקע,
וואָס האָט איר באָבעס שיינע, יידישע אויגן,
איז אַריבער צו דער רייכער פרעמדקייט
דאָ אין לאַנד
און דערקענט אונדז ניט.
פאַרפאַלן.

די משפחה איז גרוים.
אָט האָט חתונה א נאָמען
נאָך דער עלטער-באָבע לאה
און דאָס ביסל אייגן בלוט
פון שטעטל און פון שטאָט
קומט זיך צוזאמען:
פרעמדע בלומען דרעמלען
אין אַ פרעמדן זאַל —
פנימער טויכן אויף, —
מאַסקן אויף אַ באַל — —
אויף דער סטעליע, —
ווי אַ בר-מינן
ליגט דאָס ווייסע ליכט;
דער פויק פון וויטן דזשאָנגל
קראַכט און קריכט

און ס׳טוט אַ קלונג דאָס מעש —
די כלי־זמרים פֿאַרגייען אין עקסטאַז ;
באָבעס, מאַמעס, טעכטער,
וויקלען זיך אין פֿלאַמען.
ס׳בליען אָדערן אויף אַלטע פּים.

קינדער, אייניקלעך, —
דאָס מילך אויף זייערע
ליפּן איז נאָך זים,
דרייען מיט די ריפּן, מיט די בייכער,
יעדערער פֿאַר זיך — —
ס׳איז ניט דער באָבעס ברוגז־טאַנץ
פֿון יענעם שיינעם חלום
פֿון אַמאָל, אַמאָל, —
ס׳איז ראָקנ׳ראָל.
דער ווילדער טאַנץ
פֿון ווייטן, ווילדן דזשאָנגל...

מע פֿירט די כלה לינדע
צו דער חופּה — זילבער־בלאָנד —
כ׳געדענק איר קעפּל פֿון געבוירן,
שוואַרץ ווי קויל —

ווייסער ליאַק אויף אירע נעגל,
אויף איר מויל — —
נעאָן-ליכט אויף נאַקעטע לענדן —
אויף דעקאָלטע —
מחותנים גייען אין פּראָצעסיע — —
די חופּה וואַרט אויף שטאַנגען
שטאָלענע — —

איך גיי
די לעצטע אין דער ריי.
ווי דורך אַ נס
די איינציקע מיט סימנים
פון יענער אַמאָליקער עדה.
ס'צאַנקט דאָס פלעמל-ליכט
אין מיין האַנט —
אין מיין בליק —
דער אָנבליק
פון מיין
עלטער-זיידע...

# ווי שיין

ווִיפל מאָל האָב איך שוין צוגעזען
ווי ס׳בײַט זיך טאָג אויף נאַכט
און יעדן מאָל
ביים לעצטן צאַפּל פון זון-פאַרגיין
רוף איך אוים: ווי שיין!
און כ׳ווײַס דערבײַ,
אַז דער טאָג, וואָס גייט אַוועק
איז מײַן טאָג,
וואָס כ׳זע צום לעצטן מאָל,
באַליכטיקט מיט מײַן אונטערגיין, —
און יעדן מאָל רוף אוים:
ווי שיין!

# דער טאָג

דער טאָג:
ער עפנט זיך פונאַנדער
ווי אַ כינעזישער פעכער
פאַר דעם שפּיגל פון מיין אויג
יעדן פרימאָרגן. שיין איז דער טאָג,
באַצירט מיט ביימער, פייגל און מענטשן.
זיי גייען, שטייען און פליען פאַרביי דעם שפּיגל
פון מיין אויג — — און יעדן טאָג — אויף אַ רגע,
פאַר דער שיינקייט בלייב איך שטיין פאַרגאַפט —

## האַרבסט

די וואָלקנס טראָגן אויף אַ טהרה־ברעט
די זומער־טעג.
די זומער־נעכט האָט אויסגעטרונקען
דער ים.
דער בוים מיט די צענומענע נאַקעטע הענט פרעגט:
וואָס וועט זיין?
דער בוים מיט נאַקעטע הענט —
נאָר ער פרעגט — —
די פייגל האָבן אים איבערגעלאָזן אַליין
און זיי פליען דאָרט ערגעץ — — —
זיי שוועבן אין די ווייטע הייכן
און שוועבן — — —
די האַרבסטן רייסן שטיקער
פון מיין לעבן.

# שקיעה

פּאוואָליע,
צעברען ניט די פינגער אין פלאַם פון שקיעה.
צעשנייד זיך ניט ס׳אויג אין די שאַרפע בלויען ;
ניט ווער פאַרפירט פון רעגנבויגן-שיפן,
וואָס טריפן אוים אין רויכן גרויע.

פּאַוואָליע, בייג זיך אַריבער דעם ברעג פון אָוונט
שטיל און אָנגעצויגן ווי אַ ווענטקע,
פאַנג די שקיעה אין נעץ
פון דיין אויג — — —

## מיין ליד

דער ווינט אין דרויסן אַקערט די ערד.
הורבעט אָן זאַמדן גאָרן אויף גאָרן;
בויט זיך לופטשלעסער — צעשטערט זיי
און וואָיעט צום הימל זיין איינזאַמען צאָרן.

און איך בוי מיין וואָרט אַריין אין מיין ליד.
אַ שורה אויף אַ שורה און פֿאַרמויער
זי אין איינזאַמקייט אויף אַלע מאָל
אָן אַ טרער אויף איר איינזאַמען דויער.

## פאַרעלטערטע פּאָעטן

אין צימער ליגט די שטילקייט איינגעמויערט.
דער אָוונט טריפט אַריין דורך שפּאַרעס פון ראָלעטן.
מיט צוגעוועלקטע ליפּן מורמלען זיי פון פרעמדע
לידער־ביכער —
ער, און זי — צוויי פאַרעלטערטע פּאָעטן.

זייערע אייגענע לידער זענען אָפּגעשווומען ווייט,
דער רוח־הקודש, וואָס האָט זיי געבוירן געדענקט זיי יאָ
און ניין — —
נאָר אַנדערש איז דער רוח־חיים — די פרוכט פון לייב —
אָט קלאַפּט אַ קליינע האנט אין טיר: ס׳קומט אַן
אייניקל צו גיין...

## וועגן דיר, וועגן מיר

און דאָס איז אַ ליד וועגן דיר, וועגן מיר, און —
דער דרייעק צווישן אונדז — מיין ליד,
וואָס לויפט נאָך ווי אַ קינד צוויי פאַרליבטע
און וויינט נאָכאַנאַנד : נעם מיך מיט...

און דו הערסט ניט ס׳געוויין פון מיין טרויער,
און איך לאָז מיין קליינינק ליד איין־אַליין —
ס׳קאָן אַ יונגע מאַמע, פאַרבלענדט פון אַ ליבע,
לאָזן אויף הפקר איר בלוט און ביין...

און דו הערסט ניט ס׳געוויין פון מיין טרויער,
און איך ווייס, אַז ווי שפּעט און ווי מיד,
וועל איך מיך צוריקקערן אויף אַ קליינינקער רגע
צו שטילן אַ געוויין פון מיין קליינינק ליד.

## מיטן יונגן ווערסנע-ווינט

מיטן יונגן ווערסנע-ווינט
קומט מיין יוגנט אויך צוגיין.
זי איז טרויעריק און שיין.
אויגן פול מיט ווילדע טרערן,
יונג-וועלדער בליען דאָרט,
גרינער, אַגרעסדיקער טוי —
מיין יוגנט לאָזט אַראָפּ דעם בליק:
זי בענקט נאָך מיר אַזוי — — — —

זי בענקט. איז זי געקומען.
מיטן ווינט, צי מיטן רעגנבויגן,
אַ ווײַלע בלייבט זי לעבן מיר,
זי לאַכט און וויינט דורך מיינע אויגן.

## אַדיע, אַלטע איינזאַמקייט

אַדיע, אַלטע איינזאַמקייט פון מיין שטוב,
איך לאָז דיך דאָ איבער איין-אַליין
און איך פלי מיר אַוועק
מיט די פליגל פון עראָפּלאַן
צו אַ נייער איינזאַמקייט
ערגעץ
מעבר לים — — —
נאָר ווייס,
כ׳וועל קומען צוריק.
כ׳וועל זיכער נאָך דיר בענקען.
ביי פרעמדע ים-ברעגן וועל איך זיצן,
דיך דערמאָנען, דיך געדענקען.
די נייע איינזאַמקייט וועט בייזלעך
אויסשווייגן מיט מיר
די פאַרטייעטע רגעס, שעהען, מעת-לעתן,
און ניט פאַרגינען דיר,
וואָס כ׳קאָן דיך ניט פאַרגעסן — —

* * *

און מיך שרעקן די וועלטלעכע וועגן,
נאָר מיך ציט אין דער וועלט און איך גיי.
זאָל מיר ביישטיין זכות־אָבות:
ס׳ערלעכע בלוט פון געאַכפּערטע באָבעס,
מיין מאַמעס פאַרדאַגהטע קנייטשן פון פּנים —
ווען כ׳טרעף זיך אין מיטן דער וועלט
מיט סאַטירן, וואָס ריידן ווי פריינד
און שמייכלען ווי שונאים.

# וואָלט וויטמאַן

די ים-כוואַליע שרייבט אויפֿן זאַמד
איר ברייטע וויטמאַנישע שורה.
יאָ, דאָס איז ער, מיין באַרד!
איך דערקען זיין קול
אין דער מאַכטיקער כוואַליע פֿון ים,
וואָס רוישט פריי אָן אַ גראַם — — —
אָ, אָדלער פֿון פּאָטאָמאַק,
דיכטער פֿון מאַנהעטן,
דער ים האָט דיך געבוירן!
און דו האָסט אים געזויגן
און דו זינגסט מיט זיין קול פֿון די ברעגן פֿון
מאַנהעטן צו דער וועלט — — —

# ליד

יעדער ווייטיק זוכט זיין געשריי,
יעדער וואָרט — זיין מיין.
יעדער פויגל מעסט מיט זיין פליגל דעם רוים
און דיכטער וועלן אַלע מאָל קומען און גיין.

זיי וועלן קומען אויף דעם קיילעך פון ערד
און ניט וויסן ווער ס'האָט זיי גערופן;
זיי וועלן וואָרט-אוצרות זאַמלען און זוכן
און דערנאָך זיי ווי לוחות צעברעכן — — —

# אינהאלט

## פון אָנהויב



## ישראל־לאַנדשאַפט

## טעג פון מיינע טעג